**אינעם ברענען**

דיביימער זענען אַלע ליב און טײַער,
נאָר יעדן בוים דערקען איך אינעם פײַער,

דערקען איך לויט די פונקען ווי זיי קנאַקן,
און כאָטש מען וועט אויף שפּענער אים צעהאַקן,

דערקען איך לויט די רויכן און די פלאַמען —
פון וועלכן גאַנצן בוים די שפּענער שטאַמען.

און איך אַליין, דער פרעגער און באַשיידער,
וואָס בענק אַ נאַריש לעבן אָפּ צום א י י ד ע ר,

און זוך אַן אָנהייב אינעם קנויל פון ווערטער,
און תּמיד פון דער זײַט, פון דער פאַרקערטער —

האָב איצט איין תּפילה בלויז: דו גאָט געטרײַער!
אויב שיקסטו אינעם ליד מיך, ווי אין פײַער —

זאָל כאָטש באַשערט מיר זײַן, אַז אינעם ברענען
מען זאָל מיך לויטן פלאַם און רויך דערקענען.

## באַריר

אַ לויב דיר, שׂר פון ליד, אַ לויב!
דו האָסט פאַרהיטן מיך פון ווערן טויב,
דו האָסט באַשירעמט מיך פון ווערן בלינד.
מײַן חוש־הריח שאַרף איז ווי דער ווינט
און יעדער טראָפּן טעם אויף מײַן צונג
איז אַלץ נאָך גיריק, ווי אַ מאָל, און יונג.

און מער פאַר אַלץ איך לויב דיך, שׂר פון שיר,
פאַר שענקען מיר דאָס פילן פון באַריר —
פאַר אָנטאָן אַזאַ הויט מיר אויף דער האַנט,
אַ הויט וואָס איז, ווי פאַרגעפיל, אין שטאַנד
צו טרעפן, ווער פון מענטשן ס׳איז אַ פרײַנד,
און ווער — אַ שׂונא, כאָטש זײַן פּנים שײַנט,
אַ הויט, וואָס מאַכט דעם סאַמע ערשטן פּרוּוו
צו זוכן ווארעמקייט אין נאָך אַ גוף.

און אָט די דינע הויט, וואָס ווייסט און פילט —
דער מאָלער וועט נישט מאָלן אויף זײַן בילד,
דער סקולפּטאָר וועט נישט קנעטן אינעם ליים.
איר כּישוף איבערענטפערן געהיים
קאָן בלויז דאָס וואָרט, וואָס פלאַטערט און פאַרהיט —
דאָס איז דײַן גאָב, אַ שׂר פון ליד!

## גוט־מאָרגן!

גוט־מאָרגן, וועלט! — מײַן ליד איז דער „גוט־מאָרגן“,
וואָס כ׳זאָג, ווי יעדער פרומער ייִד דאָס דאַווענען.
דער טאָג איז אין די נעפּלען נאָך פאַרבאָרגן,
נאָר גרייט בין איך די לויבערײַען פראַווען אים.

פאַר יעדן טאָג באַדאַרף איך נײַע לויבן —
ביז הײַנט נאָך נישט געפונענע פון קײנעמען.
נאָך איידער ס׳האָט די זון זיך אויפגעהויבן
איך וועל מיט מײַנע גוטע רייד אים אײַננעמען.

און שפּעטער... יאָ, איך קען פון טאָג דעם דויער,
איך וויים: ער וועט נישט קאָנען איבערנעכטיקן,
און בלײַבן וועט נאָך אים בלויז דער באַדויער,
אַז נישט אין גאַנצן קאָן איך אים באַרעכטיקן.

### נאָך ווייניק

מײַן גאָט, איך בין פֿול, ווי אַ מילגרוים, מיט זינד,
נאָר מיר איז ביז איצטער נאָך ווייניק.
בײַ יעדן נסיון איך בלענד זיך, ווער בלינד,
און ס׳פּרעסט מיך די תּאווה פּולצייניק.

מײַן גאָט, מיר איז גוט! און אַלץ, וואָס איך וויל,
איז: יאָרן אַ סך אָן הרטה.
דו ווייסט דאָך אַליין, אַז איך בין בלויז אַ שפּיל
פֿאַר אַלץ, וואָס דיר איז נישט געראָטן.

איך בין פֿאַר דײַן קיום דער שטענדיקער פּרוּוו:
איך לעב און איך שטאַרב — און באַדראָ אים.
דו שטראָפֿסט מיט יסורים מײַן זינדיקן גוף —
און וואַרטסט שוין אויף נײַע חטאים.

## יאָרן

די ערשטע יאָרן — ווי די שוואַרצע פלעקן
פון טראָפּנס טינט אויף קינדערישן העפט.
אין חלום זעען אוים אַזוי די שרעקן,
און טאָג מיט טאָג — די נאַכט אַזוי באַהעפט.

די רײַפע יאָרן — ווי די רויטע פלעקן
פון טראָפּנס בלוט אויף אָנגעגליטער ערד.
דער הייסער חלום דאַרף זיי נישט פאַרדעקן,
און טאָג נאָך טאָג — די קלענסטע נאַכט דערנערט.

די שפּעטע יאָרן — ווי די ווײַסע פלעקן
פון טראָפּנס גיפט אין שימל און אין שוים.
אין חלום קומען זיי — אויף צו פאַרמעקן,
און טאָג מיט טאָג — די נאַכט באַהעפט שוין קוים.

**צום שטיין**

דער שטיין הילכט צוריק מיט דעם קלאַנג פון מײַן טראָט,
נאָר אונטער זיך האַלט ער זײַן אמתן סוד.

פאַראַן דאָרט אַ וואָרעם אַ קליינער, וואָס ווייסט:
אונדז ביידן באַשערט איז די זעלביקע טרייסט.

אונדז ביידן באַשערט איז דער זעלבער דערגרייך,
כאָטש ער איז אַ קריכער, און ווייכער פון ווייך,

און איך האָב אַ רוקן, אַ האַרטן, פון ביין —
מיר ביידע, מיר וועלן צום זעלבן דערגיין.

גישט מער, נאָר זײַן וועג איז אַ מעטער די לענג,
און מיר איז די ערד שוין געוואָרן צו ענג.

איך קום איצט צו פליִען פון צווייטן עק וועלט,
נאָר שווער איז מיר ווידער, און אָטעם מיר פעלט.

און גרייכן איך מוז, ווי דער וואָרעם, צום שטיין,
און בעטן: באַהאַלט אונטער דיר מײַן געביין.

### איך וועל פאַרגעסן...

איך וועל פאַרגעסן אַלצדינג וואָס איך ווייס,
און בלייַבן וועל איך בלויז בייַם אַלף־בית.

דאָס אָרט פון יעדער זאַך וואָס איך פאַרגעס,
פאַרנעמען וועט אַן אות בלויז, ווי אַ נס.

באַפרייַען וועט מיך יעדער איינער אות
פון אָנגעלאָדנקייט און פון פאַרדראָס.

פאַרליבטע — פון דער אַלף ביז דער תיו —
זיי וועלן מיך באַפרייַען פון דער שטראָף,

פאַר זינדיקן מיט ריטעם און מיט גראַם —
פאַר געבן צו די ווערטער אַזאַ טעם,

וואָס מינערט פון דער פשוטקייט דעם סוד —
די סאַמע ערשטיקייט, וואָס רופט זיך גאָט.

## יענער בריוו

אין האַרץ בײַ מיר, דאָרט אין דער סאַמע טיף,
ליגט שעמעוודיק באַהאַלטן אַ באַגער,
אַז איך זאָל נאָך באַקומען יענעם בריוו,
וואָס אָנגעשריבן האָט — איך ווייס נישט ווער.

איך ווייס נישט ווער, אַפילו אויך נישט — ווען,
אויף וואָסער לשון, און אין וועלכן לאַנד.
דאָס כּתב, ווי דורך אַ נעפּל, איך דערקען,
און דורך דער ווײַט — די שרײַבנדיקע האַנט.

ווי לאַנג קאָן גיין אַ בריוו צו מיר, ווי לאַנג?
מען זאָגט: אַ מאָל געשעט, אַז הונדערט יאָר.
אַ שטייגער — ווי עס שטעלט זיך אָפּ אַ קלאַנג,
אַ שטייגער — ווי פון חלום ווערט אַ וואָר.

קאָן זײַן: געשריבן האָט מען דעם אַדרעס,
ווען כ׳בין נאָך נישט געווען גאָר אויף דער ערד,
און יעדן טאָג איצט וואַרט איך אויפן נס,
אַז אָפּגעפינען זאָל מיך דער קאָנווערט.

די פּאָסט קומט אָן מיט יעדן איינעם פלי,
און יענער בריוו — אין נעפּל נאָך ער קרײַזט. — —
צי בין איך אַלץ געבוירן נאָך צו פרי?
צי איז מײַן נאָמען אויף דער וועלט פאַרגרײַזט?

## צײַט

ערשט איצטער ווייס איך, וואָס בײַ גאָט איז טײַער —
די צײַט. פון דעם האָט ער געמאַכט די שטערן.
דאָס האַרץ אין איר איז פון אַזאַ מין פײַער —
אַ הונגעריקס צו ליבשאַפט און צעשטערן.

און איך, וואָס בין? אַ רגע בלויז אַ קליינע,
און דאָך מיט אַלעם פון דער צײַט געלאָדן.
דאָס אויג האָט מיך באַגליקט מיט אַל דאָס שיינע,
דאָס בלוט געבראַכט אויף מיר האָט יעדן שאָדן.

די צײַט — איך האָב זי אײַנגעטיילט אין יאָרן,
און אויך מיט דעם האָט מיר נישט אָפּגעגאָלטן.
ס'איז טויזנט יאָר אַ טאָג אין גאָטס זכּרון,
און איך בין צו אַ רגע בלויז פאַרשאָלטן.

די רגע הייבט שוין אָן זיך אָפּצוקילן.
און איך פאַרשטיי, איך ווער דעם לעבן טרײַער.
איך ווייס שוין, ווי די שרעקן אײַנצושטילן.
איך קער זיך אום צו צײַט, צום סאַמע פײַער.

## דער שאָטן

ער גייט מיר נאָך מיט זײַנע שׂטילע טריט.
איך הער זיי נישט — איך פיל זיי מיטן רוקן.
און אייגנטלעך, וואָס איז דער אונטערשיד?
ס'איז נישט כּדאַי אַהינטער זיך צו קוקן.

ער גייט מיר נאָך — אַ יעגער נאָך זײַן פאַנג.
אין מיטן טאָג איז ער מײַן קורצער שאָטן,
פאַרנאַכטצו ווערט ער אויסגעצויגן לאַנג,
נאָר אַלע מאָל איז ער אין מיר געראָטן.

ער טשאַטעוועט. ער קוקט אויס מײַן פאַרבלײַב
אַליין, אין גאַנצן אָפּגעזונדערט —
און דעמאָלט וועט ער פאַלן אויף מײַן לײַב
און באַלזאַמירן מיך אויף אַ יאָרהונדערט.

## דאָס איינע וואָרט

אחוץ די אַלע ווערטער, וואָס איך נוץ,
פֿאַראַן איז איינס נאָך, וואָס איז כּולו גוטס.
איך האָב געהערט: עס מוז זײַן אַזאַ וואָרט,
כאָטש קיינער ווייסט נישט ווו, אויף וועלכן אָרט.
אַליין האָב איך געזוכט דאָס וואָרט, אַליין.
איך בין אַוועק צום שטומסטן, צו דעם שטיין.
ווײַל אויב נישט ער, אויב ער ווייסט נישט דעם סוד —
פֿאַר וואָס האָט שווײַגן אים באַפֿוילן גאָט?
איך האָב געבעטן זיך בײַ אים, געוואָרט.
אומזיסט — ער איז געבליבן קאַלט און האַרט.
איך בין אַוועק צום ווייכסטן, צו דעם האַרץ:
ווו זאָל איך זוכן עס, דאָס וואָרט געגאַרטס,
אויב נישט בײַ דעם, וואָס צאַפּלט און איז שוואַך,
און דויערט ווייניק, ווײַל עס פֿילט אַ סך?
איך הער זיך אײַן, דעם מינדסטן שאָרך איך שנאַפּ.
איך זוך אַן ענטפֿער בײַ אַ יעדן קלאַפּ.
און ווידער לויף איך צו דעם האַרטן שטיין.
דאָס איינע וואָרט וועל איך שוין נישט דערגיין.

*

צי בין איך, גאָט, געקומען שוין צום גרייטן,
ווען פּאַרטיק איז געווען דײַן יעדע פּאַרעם?
דאָס איז די מאָס? און דו אַליין וועסט נייטן
צו נוצן זי אַפילו פאַרן וואָרעם?

ווו איז דער אָנהייב, יענער סוד פון ווערן?
אין יעדן איינעם טויט באַהאַלטסטו אים ווידער?
צי וועט פאַרבאָטן זײַן אים צו דערהערן
אין סאַמע שטילסטן כאָטש פון מײַנע לידער?

אַכזריותדיק געבליבן איז דײַן חומר,
געשטראָפט מיט שטומקייט האָסטו אַלע זאַכן,
און מיך — דעם אָפּגענאַרטן און דעם טרוימער —
פאַרמשפט האָסטו אויף דיר נאָכצומאַכן.

איך ווידערשפּעניק און איך בין נישט מסכּים!
איך וועל דײַן יעדע פאָרעם איבערקרימען,
ביז וואַנען דו וועסט אין דער לעצטער מאַסקע
שוין נישט דערקענען מער פון זיך קיין סימן.

## די צווייטע זײַט

אַ זאַך אַ פּשוטע, וואָס יעדער קאָן עס מיינען:
דאָס לאַכן איז די צווייטע זײַט פון וויינען.
און אַז מען וויל — מען קאָן דאָס אַנדערש מאַכן:
דאָס וויינען איז די צווייטע זײַט פון לאַכן.
נאָר וועלכע זײַט — די לינקע, וועלכע איז די רעכטע?
דאָ הייבט זיך אָן „דאָס רעכטע און געדעכטע".
דערויף האָב איך געאַרבעט גאַנצע יאָרן,
דערויף האָב איך געמוזט מײַן חכמה שפּאָרן.
און סוף כּל סוף — צו וואָס בין איך דערגאַנגען?
אַז שווער צו ביידן מיט אַ מאָל דערלאַנגען.
אַז וועלכע זײַט פון ביידע ס'איז מיר ליבער —
איך דריי דאָס לעבן, ווי אַ מלבוש, איבער.
איך דאַרף נאָר זען צו בלײַבן גוט פאַרשפּילעט —
קיין פאָדעם פון דעם אונטערשלאַק אַפילו!
אַז קיינער זאָל דאָס נאָר אויף מיר נישט מיינען:
דאָס לאַכן איז די צווייטע זײַט פון וויינען...

גאַנצקייט

אויב וויל מען די גאַנצקייט דערזען און דערשפּירן,
איז נייטיק אַ דאָפּלטער שפּיגל.
אַ בליק אויף צוריק — און איך עפן די טירן,
פאַרמאַכטע אויף שלאָס און אויף ריגל.

איך עפן די טירן. פאַרשטויבטע די שוועלן.
איך גרייך צו פאַרגעסענע ערטער.
אין הינטערשטן שפּיגל די פּנימער העלן
צוריק פון דער זײַט דער פאַרקערטער.

אַ שאָד, וואָס צו איין זאַך איך קאָן נישט דערלאַנגען —
אָן דעם איז דער שפּיגל אַ קרומער:
געשטאָרבענע בלײַבן דאָרט איבער די קלאַנגען,
און איך בלײַב דאָ איבער אַ שטומער.

**ווידערגעבורט**

אַן אײַנגעקנוילטער ליג איך אין דער טראַכט.
איך ירשן איצט די שטריכן פון געזיכט.
און מיר אַרום די וועלט איז נאָך פאַרמאַכט,
און אָפּגעצוימט איך בין נאָך פונעם ליכט.

דער חלום איז נאָך ערבדיק און פריש —
דאָרט פירן נאָך יאָרטוויזנטער דעם קריג.
נאָר שטיל קומט ווידער פאַר דער אויסגעמיש
פון בלוט — מײַן לעבן איז דער לעצטער זיג.

איך רײַס אַרויס זיך פון דעם ענגן קלעם.
איך פּיק שוין אין דעם שאָלעכץ פון דער צײַט.
אין אומבאַוווּסטקייט רוף איך אוים דעם שם,
און ס'ענטפערט דער באַשאַף מיר זײַן באַטײַט.

אַ רגע — איך באַווײַז זיך אויף דאָס נײַ.
דאָס ליכט באַפאַלט מיך מיט זײַן ווײַסן גלי.
איך כאַפּ זיך אויף פון ווייטיק און איך שרײַ —
איך ווער פאַרבלענדט פון ערשטן אינדערפרי.

## פֿאַר דײַן שײנקײט געפּלעפּט

די אײבּיקײט װיפל באַטרעפּט?
אומענדלעך געכפּלטע ציפֿער.
איך שטײ פֿאַר דײַן שײנקײט געפּלעפּט —
אין פֿרײד איז דער טרױער נאָך טיפֿער.

װער ציט אונדז צו זיך און באַהעפּט?
דער גאָט פֿונעם שטענדיקן װערן.
איך שטײ פֿאַר דײַן שײנקײט געפּלעפּט,
ביז װאַנען דו נעמסט מיך צעשטערן.

און װאָס בלײַבט דאָ איבער? אין העפּט
די רגע, װאָס כ'פּרוּװ צו פֿאַרשרײַבן.
איך שטײ פֿאַר דײַן שײנקײט געפּלעפּט —
און גאָט איז מיר גוזר דאָס בלײַבן.

## איך צייל

אַזוי כ׳האָב געלערנט זיך ציילן:
פון איינס, און דערגאַנגען ביז הונדערט.
די מאַמע פלעגט יעדן דערציילן,
די וועלט האָט געשטוינט און באַוווּנדערט.

און איך בין גאָר ווייַט שוין דערגאַנגען:
איך צייל שוין אַפילו די שטערן.
איך רוף אוים די צאָלן די לאַנגע,
נאָר קיינער וויל מיך שוין נישט הערן.

איך רעד איצט מיט רייד שוין געהערטע,
און אַלץ איז שוין צו פיל פאַרשטענדלעך.
נישטאָ מער קיין זאַכן פאַרווערטע,
קיין ציפער איז מער נישט אומענדלעך.

איך צייל, און איך פּרוּוו צו דערגרייכן
די וועלטן, נאָך נישט קיין באַדראָטע,
און וואַרט אויפן לעצטן: אַ צייכן,
אַז גאָט האָט שוין ווידער חרטה...

## געקליבענע לידער

אויב מיר וועט נאָך אין לעבן זײַן באַשערט
די בעסטע לידער מײַנע אײַנצוזאַמלען,
ווי וועל איך קאָנען שאַצן זייער ווערט —
לויט זייער זינגען, צי לויט זייער שטאַמלען?

קאָן זײַן, אַז גראָד דאָס ליד, וואָס איז מיר קלאָר,
און אויך די גראַמען זענען דאָרט געראָטן,
וועט אויסזען מיר צו זײַן פון יענער וואָר,
וואָס איך האָב צוגערויבט בײַ איר דעם שאָטן.

און דווקא דאָס פון מײַן פּאָעזיע־העפט,
וואָס איז אַ מאָל מיר נישט געווען געפעלן —
פון דעם כ׳וועל ווערן אומגעריכט געפּלעפּט
און דאָס בראש פון אַלע לידער שטעלן.

קאָן זײַן, אַ שפּור פון מײַנע יוגנטזינד —
אַ ליד, וואָס איז געבליבן נישט דערשליפן
ביז אויסגעוועפּט געוואָרן ס׳איז דער טינט —
וועט אויפגיין און וועט ווידער מיך פאַרבליפן.

ווער ווייסט? איך האָב דערויף נישט קיין שום מאָס
און שווער וועט זײַן מיר ווערן דער באַשיידער.
איך בין פון זייער זײַן דער באַלעבאָס,
און נישט פון זייער ווערטיקייט און סדר.

## מודה אַני!

צווישן טאָג און אַ טאָג שטייט די נאַכט ווי אַ מויער.
מיט חלום ווערט איבערגעריסן מײַן דויער.

פון בלוט דאַמפּן אוים די דערשטיקטע פאַרדאַכטן
און אַל דאָס געלעבטע הייבט אָן זיך צו דאַכטן.

דאָס לײַב ווערט געריסן פון תּאווה-געיאָמער
און אַלע אומריינקייטן ווערן נאָך טמאער.

דער טראָט אינעם חלום ווערט טיפער און ווייכער.
פון אַלע תּענוגים ווער איך אַ דערגרייכער,

פון אַלע יסורים ווער איך אַ געיאָגטער.
מײַן חלום — די שרעקלעכסטע סתּירות פאַרטראָגט ער.

מיט שאָטן און שווײַגן ער מאָלט זײַנע בילדער.
דאָס ליכט פון פאַרטאָג מאַכט אַ ביסל זיי מילדער.

און ערשט ווען די זון איז אַ פולע פאַראַנען —
איך שטיי אויף צום לעבן און זאָג מודה-אַני!

**אות מיט אות**

אַ שטח מעסט מען טראַט נאָך טראַט,
מיט אותיות דערגייט מען גיכער.
דאָס איז דער סודותדיקסטער סוד
פון אַלע שורות אין די ביכער.

אַן אות מיט אות זיך טרעפט און האַלדזט,
און אַט גייט שוין דאָס וואָרט צוזאַמען.
דער קלאַנג פאַראייניקט און פאַראַלצט
און וואַרפט זיך אין די שפּראַכן-פלאַמען.

אַ שטח מעסט מען טראַט נאָך טראַט,
און טויזנט מאָל — אַ קילאָמעטער.
און איך — איך לערן זיך פון גאָט
אין ווייניק ציַיט צו גרייכן שפּעטער.

גענוג איין טראָפן ליכט און קלאַנג —
דאָס וואָרט אין עכאָקייט צעשאַל איך.
דאָס סאַמע קורצע ליד ווערט לאַנג,
ווי דער אומענדלעכסטער מהלך.

## אויף אַלע וועגן

לאָז ווידער בלאָנדזשען מיך אויף אַלע וועגן —
פֿאַראַן אַ זין אויך אינעם זיך דערפֿרעגן.
ווײַל אויך דער פּחד זיך נישט צו פֿאַרלירן,
מוז סוף־כּל־סוף צו דיר, מײַן גאָט, מיך פֿירן,
ווײַל דורך די אַלע בלאָנדזשענישן גיי איך,
געפֿירט פֿון יעדן שטראַל און יעדן ריח.
איך האָב גענוצט די שריפֿט פֿון די נאַראָנים
און מיט די לידער זיך געמאַכט סימנים.
דורך זיי בין איך נאָך מער אַרײַן אין פּלאָנטער,
דורך זיי — דו ביסט מיר נישט געוואָרן נאָנטער.
איצט בעט איך: טו מיך אויס פֿון אַלע ווערטער —
אַ נאַקעטער כ׳וועל זײַן, אַ נישט־דערהערטער.
און דעמאָלט וועסטו אפֿשר מיך דערקענען
און מיט דײַן ליבשאַפֿט וועלן מיך פֿאַרברענען.

*

בײַ יעדן אָנהייב זינגען די מלאָכים
אַ שירה פֿאַר דער רגע דער באַשערטער.
צום ערשטן קומט דער ניגון, און באַלד נאָך אים —
די שטומע און מגושמדיקע ווערטער.

און ווען דאָס לעצטע וואָרט איז נאָר פֿאַרענדיקט,
באַלד הייבן אָן צו נידערן די שטויבן,
און אויפֿן ליד זיי פֿאַלן אָן, ווי שטענדיק.
— מײַן גאָט, הלוואַי וואָלט איך נישט אָנגעהויבן!

**פּ אַ ר ה י ט**

פאַרהיט דעם שאַרפן טעם אין מײַן מויל
און אויף מײַן הויט — דעם הונגעריקן ציטער.
פאַרהיט מײַן שנעלן טראָט פון ווערן פויל
און ערגעץ־ווו צו קומען ערשט דער דריטער.

פאַרהיט דעם דינעם קלאַנג אין מײַן געהער
און אין מײַן אויג — דעם לײַכטנדיקן נײַגער.
פאַרהיט מײַן גיריקייט צו וויסן מער
און אומעטום צו זײַן אַן איבערצײַיגער.

פאַרהיט דעם וווּנדער־ריח אינעם ווינט —
דאָס איז דער ריח פון די ערשטע יאָרן.
דאָרט שטייט נאָך ביז אַצינד אַ פּיצל קינד
און היט די שטענדיקייט אין מײַן זכּרון.

## גוטער מלאך

דו גוטער מלאך פון מײַן ערשטן טאָג —
ווו ביסטו, ווו, אין וועלכע הימלען, זאָג?
דו האָסט אַ מאָל מיר אין דער נאָז געשנעלט —
און איך האָב אָנגעהויבן מיט דער וועלט.
דו ביסט מיר ווידער נייטיק ווי אַ נס:
דו גיסט אַ לײַכטן שנעל, און איך פאַרגעס.
און אַלע יאָרן לויפן צו אַ יאָר
און צו אַ טאָג, ווו אַלץ איז נײַ און קלאָר,
און צו אַ שעה, ווען כ׳בין אַ גאָרנישט אַלט —
ווען יעדע רגע ענדערט מײַן געשטאַלט.

דו גוטער מלאך פון דער שׂמחה-מאַכט —
פון מײַן זכּרון וואָס האָב איך געמאַכט?
כ׳האָב אויסגעמעקט אַ פּנים, שטריך נאָך שטריך,
און אין די טויזנט קנייטשן — איך-נישט-איך.
כ׳האָב אויסגעגליט די שוואַרצע האָר ביז גראָ,
אַרומגעזוכט מײַן אָרט אין דאָ-נישט-דאָ.
כ׳האָב פון דער האָפענונג געמאַכט אַ תּל —
איצט קאָן מיר שוין נישט העלפן אויך דײַן שנעל.

## ווער פירט מיך צוריק?

ווער פירט מיך צוריק צו די ווערטער
די דרײַ פון דער אָרעמער תפילה?
מיט רויש פונעם טאָג אַ דערנערטער
זיי זענען געוועזן צו שטילע
פאַר מיר און מײַן זינדיקן טראָט:
— העלף מיר, גאָט!

די רייד, מײַנע רייד די גענוצטע,
מיר זענען געוואָרן דערעסן.
די ריטמישע שורות, פאַרפּוצטע
מיט גראַמען — איך וויל איצט פאַרגעסן,
זיי זענען געוואָרן צו שפּאָט.
— העלף מיר, גאָט!

ווער ביסטו, אַז דו זאָלסט דערהערן?
ווו ביסטו, אַז איך זאָל דערגרייכן?
איין וועג צו דיר פירט מיך: דורך טרערן.
דײַן נאָמען איז בלויז ווי אַ צייכן,
נישט מער, פון דעם שרעקלעכן סוד.
— העלף מיר, גאָט!

איך בין דאָך נישט מער ווי אַ יחיד,
פאַר זיך בלויז בין איך איצט מתפלל.
מײַן האַרץ איז גענוג שוין צעבראָכן,
אַז איך זאָל נישט בעטן פאַר אַלע
און זײַן דער שליח פון גנאָד.
— העלף מיר, גאָט!

מײַן לשון באַפרײַ פונעם שקר,
נעם צו אַלע רייד די גערעדטע.
פֿאַר מיר איז גענוג צום אַוועקקער —
אין שעהען די לעצטע און שפּעטע —
דאָס קורצע געבעט און געבאָט:
— העלף מיר, גאָט!

*

מײַן ליד אינעם ריטעם פֿון טריט,
איך זאָג אָן אַ נאָמען, אַ טיטל,
דאָס ליד הייב איך אָן אין דער מיט,
ווי יעדעס תּהילים-קאַפּיטל.

מײַן ליד פֿון פֿאַרשטיקטן געוויין,
איך זאָג נישט אין נאָמען פֿון קיינעם.
אַליין דאַרף איך בלײַבן, אַליין.
אויב זײַן כ׳וויל מיט מענטשן אין איינעם.

מײַן ליד אין דער טונקעלער שעה,
איך זאָג מיט די פּשוטסטע ווערטער.
כאָטש גאָט איז אין אומעטום דאָ —
דאָס ליד פֿון די אָרעמע הערט ער.

## איך בלאָנדזשע אַלץ נאָך צווישן לידער

איך בלאָנדזשע אַלץ נאָך צווישן לידער —
ווי לאַנג זשע וועט דאָס דויערן?
צו וואָס זוך איך אויף ס'נײַ און ווידער
אַ נאָמען פאַר די טרויערן?

דורך וועלכן ליד זאָל איך אַרײַנגיין,
דורך וועלכן פון די טויערן?
אַלץ איינס וועל איך דאָך נישט דערלאַנגען
צום פּאַלאַץ פון די טרויערן.

אַזוי פיל שיינקייטן צעוואָרפן,
און אַנדערע — נאָך לויערן.
צו וואָס האָב איך בכלל געדאַרפן
דעם וואַנדער צו די טרויערן?

איצט איז שוין שפּעט, און ס'ווערט נאָך שפּעטער,
ניין, ס'וועט שוין לאַנג נישט דויערן.
איך זוך מיט טינט אויף ווײַסע בלעטער
אַ נאָמען פאַר די טרויערן.

*

נאָך יעדער שורה יאָגט זיך נאָך אַ שורה,
אין יעדער שורה מוז איך זײַן אַן אַנדערער.
אַז איך טו אויס אַ צורה נאָך אַ צורה —
ווער וועט דערקענען מיך, דעם צײַטן־וואַנדערער?

געבראָכן האָב איך ריטמען און געזעצן,
און דאָך, געבליבן כ׳בין אַ נישט פּאַראַנענער.
אויף וואָסער לשון וועט מען איבערזעצן
די לידער, ביז כ׳וועל ווערן אַ פֿאַרשטאַנענער?

אַלץ איינס — אין שטילקייט יעדעס וואָרט איך לײַטער
און זוך דורך אים דעם סוד פֿון שטערן־בלענדעניש,
און אפשר מער נאָך, שרעקלעכער און ווײַטער —
דעם וועג צו גאָט, וואָס האָט קיין ענדע נישט.

## פאַרנאַכטיק

פאַרנאַכטיק.
מיר דאַכט זיך, די ערד האָט מיך ליבער.
דער הימל אויף מערב פאַרמאַכט זיך —
און איך בלײַב דאָ איבער.

פאַרנאַכטיק.
די איינזאַמקייט איז מיר געראָטן.
די ערד האָט מיך ליבער, מיר דאַכט זיך,
און טוליעט מיך אײַן אין איר שאָטן.

פאַרנאַכטיק.
די פּיס רוען אָפּ פונעם וואַנדלען.
די ערד האָט מיך ליבער נאָך, טראַכט איך —
זי וויל אין איר ליים מיך פאַרוואַנדלען.

## זאַמדן

ווי אַ מקובל און אַ למדן,
מיט אויגן געטלעכע און דולע,
וואָס ווייסט צו לייענען אין זאַמדן
— די ערשטע טריט פון דער גאולה —

עס טרעפט, איך ווער דאָ אַ דערקענטער
פון יעדן אויסטערלישן צייכן,
— און ביז צו דורכזיכט אַ פאַרברענטער —
איך הייב אָן צום זכּרון גרייכן.

ווען האָב איך אויף דעם וועג געטראָטן?
צי פאַר אַ קריסטלעכן יאָרהונדערט?
אַלץ קלענער, קלענער ווערט מײַן שאָטן,
ווען די געדעכעניש פאַרוווּנדערט.

געשריבן האָט מען דאָ מיט פײַער
אויף זאַמד, און ס'איז געבליבן גלייביק.
— פון גאַנצן גרויסן אומגעהײַער —
די זאַמדן, זאָגט מען, בלײַבן אייביק.

**דײַן נאָענטשאַפט**

דײַן נאָענטשאַפט קומט אָן מיר שווער.
די ביימער און די זעמדער
מיך פרעגן נאָך: — ווער ביסטו, ווער?
אַן אייגענער, אַ פרעמדער?

די שטיינער קוקן אויף מיר קרום,
די דערנערקוסטעס שטעכן.
זיי פרעגן: — ביסט גענוג שוין פרום,
די ערד נישט צו פאַרשוועכן?

און מענטשן רעדן אַזאַ שפּראַך —
אַ שאַרפע, מיט געווירצן.
דאָס איז דאָס לשון פון תנך,
וואָס ווייסט נישט ווי צו אירצן.

נאָר מיר איז שווער צו ווערן „דו"
מיט מענטשן און מיט זאַכן.
איך דאַרף דערווײַל אַ ביסל רו —
די ליבשאַפט זאָל דערוואַכן.

צו דין איז נאָך פון פרוכפּערערד דער שיכט,
און אונטער אים — בלויז עבר ליגט באַהאַלטן.
געננוג איז פון אַ שאַרפן בליץ דאָס ליכט —
דער באָדן זאָל זיך עפענען און שפּאַלטן.

פון שטיינער צעקאַלעטשעט ווערט דער טראָט,
און האַרב איז נאָך די שפּראַך פון די נביאים,
און אייפערזיכטיק איז נאָך אונדזער גאָט —
דער מדבר־דאָרן גיט נאָך פון זײַן גלי אים.

צו ווייניק רו און בלומען אין די שטעט,
און אויף די פעלדער — נאָך צו ווייניק שלווה.
אַ פרעמדער בליק פון יענער זײַט דערזעט —
און שיקט זײַן שנאה מיט אַ פײַער־סאַלווע.

די פרוכט פון גאָרטן איז נאָך ווייניק זיס,
דער וואַלד אין די געבערג איז נאָך צו שיטער,
און פון דעם שונאס בלוט, וואָס איך פאַרגיס —
דאָס האַרץ ווערט טרוקן, און פון פײַנטשאַפט — ביטער.

צו ווייניק מילדע ליבשאַפט אינעם בליק,
צו ווייניק נאָך באַוואונדער אינעם אָטעם,
צו ווייניק גרייט בין איך נאָך פאַר דעם גליק
אַליין צו זײַן בײַם אומקער פון די שבטים.

און אין דעם לאַנד איז נאָך צו ווייניק גרוים
פאַר ווערטער אײַנגעהאַלטענע און שטילע,
און מיר, דעם איינצלנעם, זיי סטײַען קוים
אויף ליד און תּפילה.

## צעבליטע אַפּעלסינען

דער ריח פון צעבליטע אַפּעלסינען —
מען קאָן פון אים אַראָפּגיין פונעם זינען.
ער פאַלט אָן אויף דער שטאָט פון אַלע סעדער —
נישטאָ פאַר אים קיין אָפּהאַלט און קיין גדר.
ער דרינגט אַרײַן אין רווישנדיקן צענטער
און מיט זײַן זיסן סם די לופט פאַרברענט ער.
ער קלעטערט איבער שטאָקן, איבער דעכער —
פון אַלע ריחות איז ער איצטער העכער.
ער זאַפּט אַרײַן אין לײַב, אין די בגדים,
ער ווערגט בײַם האַלדז, אַז עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם,
ער נעמט אַדורך די שטיינער און אַספאַלטן —
נישטאָ קיין ווינקל וווּ זיך צו באַהאַלטן.
אין ווײַטסטן צימער וועט ער דיך געפינען —
דער ריח פון צעבליטע אַפּעלסינען.

**שפּעטזומער**

דער זומער לעשט זיך אויס. דאָס מדבר־פײַער
טרעט אָפּ צוריק און צאַנקט אויס אין די זאַמדן.
ס׳ווערט פּוסט, און פון די פייגל — בלויז דער שרײַער
קומט אָן פון ווײַטע נעפּלדיקע קאַנטן.

ווי שטרויען ברעכן איבער זיך די גראָזן,
און טײַכן, ווי די אַלטע מײַלער, שמאַכטן,
און איבער פעלדער, נאָכן שניט פאַרלאָזן,
בלויז שאָטנס וואַנדערן אין די פאַרנאַכטן.

און אין די נעכט — די ערד, אַן אָפּגעגליטע,
ליגט אומפאַרשעמט און נאַקעט פאַר די שטערן.
זי האָט אויף אירע תאַוות נישט קיין שליטה,
זי קען זיך קעגן קיינעם מער נישט ווערן.

### אַזוי פיל זון

אַזוי פיל זון אין לאַנד, אַזוי פיל זון.
אַ האַרבסט — כּמעט אַן וועלקנדיקע בלעטער.
נאָר איך בין דער, וואָס ווייסט נאָך נישט דערפון,
און יעדן טאָג איך דאַרף אַן אַנדער וועטער.

וואָס וויל איך דאָ, וואָס וויל איך מיט מײַן ליד?
נאָך מער — וואָס וויל איך איצטער מיט מײַן שווײַגן?
דער ווינט, וואָס קומט פון מדבר אַנגעגליט,
וועט זיך נישט לאָזן שפּאַנען אין די צווײַגן.

און דאָס פאַרשײַטע לאַכנדיקע ליכט
דער ווינטער וועט נישט קאָנען לאַנג פאַרדעקן.
דער דונער וועט אַ קלאַפּ טאָן אומגעריכט
און בלויז די ברוינע טויבן איבערשרעקן.

און ווען די וואַדי ווערן וועט פאַרפולט —
קיין רעגן וועט זיך מער שוין נישט באַמיִען.
די ערד דאָ האָט דערצו נישט קיין געדולד —
גענוג אַ טראָפּן — און זי הייבט אָן בליִען.

## װעלקנדיקע בײמער

אַ דערנער־װוּקסיקײט צעקלינגלט
די טרוקן־מדבּרדיקע אימה,
נאָר איך בּין אַלץ אַרומגערינגלט
מיט װעלקנדיקע בײמער.

זײ שטײען אין מײַן בּליק פאַרעקשנט
מיט געלע און פאַרדאַרטע בּלעטער
און דראָען מיך מיט װילדע שלאַקסן
און מיט אַ האַרבן װינטער־װעטער.

טאַפּאָלן! װער האָט אײַך געגעבן
דאָס רעכט צו גײן מיט מיר אין װאַנדער
און נאָכגײן מיר דאָס גאַנצע לעבן —
אַזש בּיזן צוגעזאָגטן לאַנד דעם?

אַן ערשטער בּליץ האָט אױפגעפינקלט
אַריבער טונקלעניש געהײמער — —
און איך בּלײַב אַלץ אַרומגערינגלט
מיט װעלקנדיקע בײמער.

## נאָכן רעגן

איך גיי אַרום אַ נאַר וואָס אויפגעוועקטער,
וואָס יעדע זאַך צום צווייטן מאָל אַנטדעקט ער.

דער רעגן אָפּגעוואַשן האָט די ביימער —
זיי זעען אויס איצט אַנדערש און געהיימער.

און נייַגעריקער זענען אויך די גראָזן —
דער ווינט האָט זיי צו שטאַרק שוין אָפּגעבלאָזן.

די ערד אַליין איז שווערער איצט און פייַכטער,
נאָר גיין אויף איר איז מיר געוואָרן לייַכטער.

אַט באַלד, און פון די הייסע אינגעווייידן
אַ פּאָרע טאָן עס וועלן מייַנע פריידן.

און מעגלעך אויך — צוזאַמען מיט די זאָרגן,
פון יאָרן און פון טריקעניש דערוואָרגן.

## איך גיי פאַרבײַ

איך קאָן נישט גלייבן, אַז די בלומען זענען בלינד.
איך קוק זיך אום: זיי שמייכלען מיט באַדויער,
ווי נאָר איך גיי פאַרבײַ און איך פאַרשווינד.

איך קאָן נישט גלייבן, אַז פאַרפאַלן ווערט דער ווינט.
ער זוכט מיך אין מיליאָנען יאָרן דויער,
כאָטש איך גיי בלויז פאַרבײַ און איך פאַרשווינד.

איך קאָן נישט גלייבן. כ'בין איצט ווידער ווי אַ קינד.
און פאַר אַ שפּילצײַג מאַך איך זיך דעם טרויער.
ער בלײַבט. איך גיי פאַרבײַ און איך פאַרשווינד.

*

די נײַע גאַסן וואָלט איך אָנגערופֿן
מיט נעמען פֿון די אַלע יונגע דיכטער,
וואָס תּיכּף נאָך די סאַמע ערשטע פּרוּוון
פֿאַרשניטן האָט אַ טויט אַן אומגעריכטער.

פֿאַראַן בײַ מיר אַ פּאָלקע אויף דער שאַפֿע
מיט דינע ביכלעך פֿון די ערשטע לידער,
און דאָרט פֿאַרזאַמלט איז דאָס גאַנצע שאַפֿן
פֿון די פּאָעטן — מײַנע יונגע ברידער.

און יעדעס ביכל גרינג איז ווי אַ שאָטן,
נאָר ווי איך נעם און מיש דערין די בלעטער,
דערפֿיל איך ווי עס וואָלט געווען געלאָדן
מיט נישט דערלעבטע ליבשאַפֿטן פֿון שפּעטער.

די שורות זענען נאָך נישט קיין געניטע,
די לײַדנשאַפֿטן — נאָך נישט קיין באַהערשטע,
און דאָך, מײַן האַרץ שטעלט אָפּ זיך לויטן ריטעם
פֿון אָט די לידער — איינציקע און ערשטע.

## אין דער וואָכן

די רויטע שריפט פון קאַלענדאַר
האָב איך מיט שוואַרצן טינט פאַרשטראָכן.
פון מײַנע טעג בין איך דער האַר —
איך מאַך מײַן יום־טוב אין דער וואָכן.

ווײַל גראַד דער טאָג, וואָס מיר געפעלט,
האָט נישט קיין חן בײַ די המונען.
בײַ זיי אַ יום־טוב אויף דער וועלט
איז בלויז עס זאָל דעם פרעס זיך לוינען.

בײַ זיי אַ יום־טוב איז די פרייד,
וואָס דאַרף נישט זשאַלעווען און שפּאָרן.
מען לויבט זי מיט געניצטע רייד,
שוין אויסגעריבענע זינט יאָרן.

און איך האָב ליב אַ גרוימע גאַס
אין גראָע וואָכנטעג, אין האַרבע.
מען זאָגט אויף מיר, אַז פּוסט און פּאַס
איך שלענדער זיך אַרום אָן אַרבעט.

מען זאָגט... וואָס אַרט מיך, אַז מען זאָגט? —
(אַ ביסל איז דאָס טאַקע ריכטיק) —
און איך האָב ליב דעם פּראָסטן טאָג
צו מאַכן יומטובדיק און ליכטיק.

## אַן אַלטע תּפֿילה

אַ גאָט מײַנער, הער מײַן געבעט,
דערבאַרעם אויף מיר זיך, דערבאַרעם,
און נעם מיך אַרויס פֿון די שטעט,
און ראַטעווע מיך פֿון דעם ליאַרעם.

איך שווער בײַ מײַן הייליק געוויין,
אַז אויסטראָגן וועל איך די פּײַנען,
די אַלע, פֿון בלײַבן אַליין —
און קעגן דײַן שטראָף דער נישט טענהן.

די זון זאָל פֿאַרבלענדן ביז בלינד,
די היץ זאָל מיך נאָגן און נאַיען,
זאָל עסן אין מדבר דער ווינט,
מײַן שאָטן זאָל זײַן דער קקיון.

ווײַל דאָ, צווישן אײַזן-בעטאָן,
אַ שקר דאָס זײַן איז צוזאַמען,
און יעדער מיט זיך איז פֿאַרטאָן
זײַן איינזאַמקייט שטיל צו פֿאַרסמען.

## דער מאָרגנדיקער טאָג

דער מאָרגנדיקער טאָג איז מער באַגלייביק,
ווי אַלע נעכטיקע, די שוין געהאַטע.
מיר דוכט זיך אויס, אַז איך וועל לעבן אייביק,
דערפֿאַר ווײַל כ'וויים נישט פֿון מײַן טויט די דאַטע.

די קונץ באַשטייט אין לאָזן זיך גענאַרן
און אָפּצולייגן אויף אַ ביסל שפּעטער
די אַלע לעצטע פּחדים און געפֿאַרן,
פֿון וועלכע גאָט אַליין איז נישט קיין רעטער.

און נאָך אַ טרייסט: די צײַט, וואָס ציילט מינוטן,
וועט ווערן פֿון מײַן זײַן דאָ עטוואָס שווערער.
איך האָף, אַז אויסגיין וועט דאָס איר צום גוטן,
ווען זי וועט מער נישט זײַן שוין מײַן דערנערער.

*

דו ביסט דער לעצטער פון די ווירטואָזן.
די סטרונעס דײַנע זענען אַלע גראָזן.
זיי הייבן אָן צו ציטערן, זיך וויגן,
און נאָך דײַן סמיק עס לויפט נאָך זייער ניגון.

בלײַב שטיין אַ ווײַלע, דיכטער און באַגליקער!
איך קאָן נישט מער, איך בין פון תּענוג שיכּור.
אַ רגע נאָך — און אָן אַן אָטעם פּאַל איך
און זינק אײַן אין די פליגל פון אַ מלאך.

## אָן אַן ענטפער

די צײַט, די צוגעטײלטע, איך פאַרטײדיק.
פאַר װעמענס װעגן טו איך דאָס, פאַר װעמען?
איך זע נישט קײנעם. מיר אַרום איז לײדיק
און רופן הער איך אומבאַקאַנטע נעמען.

די פלינקע שעהען טרײַבן מיך כּסדר
און טומלען, אַז די צײַט איז זײער װיכטיק,
אַז איך האָב אױסגעבאָרגט בײַ איר די קלײדער,
װאָס זײער מאָס פאַר אַלעמען איז ריכטיק.

נו גוט, איך װעל די קלײדער איבערגעבן.
נאָר װעמען? װער װעט װערן זײער טרעגער?
און װער װעט נאָך מיר ירשענען דאָס לעבן?
אַ שטילקײט. אָן אַן ענטפער בלײַבט דער פרעגער.

*

אַ האַרבסט, און אַ ווינטער, און ווידער אַ זומער —
דו זאָג מיר, מײַן ליבע, ווו אײַל איך?
דער הימל צעשטערט מיך און שטערנט אַרום מיר —
און איך קלאַמער פעסט זיך אין קײַלעך.

דאָס איז זי, די ערד, וואָס מיך טראָגט צו דעם אייביק,
און אַלץ דורך דער זעלבער אָרביטע.
איך שטאַרב, און אַ טויטער איך בלײַב דאָרטן גלייביק
אין ריהות פון סעדער צעבליטע.

## אַ נישט־פֿאַרענדיקט ליד

די טירן־פֿענצטער האָב איך גוט באַוואָרנט,
אַרומגעקוקט זיי נאָך אַ מאָל און ווידער —
און שפּעטער בין איך אין אַ שטאָט געפֿאָרן,
כּדי צו לייענען דאָרט מײַנע לידער.

מען האָט מיך אָפּגעוואַרט און שיין באַגעגנט,
און אָפּגעפֿירט מיך צו אַ זאַל פֿאַרערערס.
איך האָב, ווי שטענדיק, שעמעוודיק־פֿאַרלעגן,
מײַן לעבן אויסדערציילט פֿאַר אַלע הערערס.

און פּלוצלינג — כ'האָב דערמאָנט זיך, אַז געבליבן
אין שטוב אַ ליד איז נישט אַרויסגעענדיקט.
איך האָב דערשראָקן זיך, אַז נישט דערשריבן
דאָס לעצטע ליד וועט בלײַבן שוין אויף שטענדיק.

און אַלע לידער פֿון אַזוי פֿיל יאָרן
אין אַ בהלה זענען זיך צעלאָפֿן.
בײַ מיר, אין מײַן צעטומלטן זכּרון,
געבליבן זענען אויסגעמישטע סטראָפֿן.

## אַן קינדער און אַן גרײַזן

כּדי מײַן שפּראַך זאָל צו די לידער פּאַסן —
מען דאַרף זי שיקן אין די קינדער־קלאַסן
און דורך די מײַלער פון די שילער קליינע,
וועט זי זיך ווידער לײַטערן אַ ריינע.
כּדי מײַן שפּראַך זאָל צו די לידער גוט זײַן —
מען דאַרף זי אויף די מערק און גאַסן נוצן,
וועט זי מיט גרײַזן פון די פּראָסטע מענטשן
אַ לשון זײַן — צום שעלטן און צום בענטשן.
כּדי מײַן שפּראַך זאָל פאַר די לידער סטײַען —
מען דאַרף זי דורכן גאַנצן פאָלק באַנײַען,
און ווען מען וועט זי אַן אַן אויפהער הערן,
וועט זי כּסדר ווערן און זיך מערן.

נאָר ווי! די קינדער אין די פּראָסטע מענטשן,
מען האָט מיט דרײַסיק יאָר צוריק פאַרברענט שוין,
און מיט אַ שפּראַך אָן קינדער און אָן גרײַזן —
איך מוז פאַר מײַנע לידער זיך באַווײַזן.

## פרעמד

פרעמד איז מיר נאָך די מוזיק פון באַכן —
איך הער אין איר די טריט פון אַ פּראָצעסיע,
און דאָס געברום פון אַלע גוייִמס שפּראַכן,
וואָס ווילן מיך פאַרשטייניקן בפרהסיה.

און ווען איך גיי אַדורך די שטאָט נצרת
הייבט יעדער צלם אָן מיך צו דערקענען,
און פון די בליקן דאָרט דערגיין מיר שווער איז,
צי ווילן זיי מיך קרייצן, צי פאַרברענען.

## אין אונדזער געסל איז איצט זייער שטיל

א

כ׳וואָלט אפשר אָנגעהויבן פון דאָס נײַ,
נאָר אויף דער ערד ווערט ענגער אַלץ און ענגער,
און מיר פאַרשטעלן ווידער פון דער פרײַ
די זעלבע גויִים מיט די העק און דרענגער.

די זעלבע — פון אַ פוילישן פּאָגראָם,
מיט טמא הענט און טרייפענע געדאַנקען,
נאָר שטאָט מיט יענע טעמפּע האַק־און־לאָם —
זיי גייען איצטער קעגן מיר מיט טאַנקען.

איך ווייס פון וואָסער לאַנד ס׳איז דאָס געוועט,
באַקאַנט איז מיר דער חושך אין די לופעס.
זיי זענען אָנגעצילט צו מײַן געהער
מיט גאָר דער פינצטערניש פון אַלע תקופות.

און אײַנגעקלאַמערט צווישן ים און זאַמד —
איך לעב בלויז פונעם גרייטן, פונעם אַלטן...
אויב אויך די בלאָע לופט איז שוין פאַרסמט,
טאָ ווּ, מײַן גאָט, ווּ זאָל איך זיך באַהאַלטן?

ב

אין אונדזער געסל איז איצט זייער שטיל.
די קינדער זענען אַלע אויסגעוואַקסן.
זיי פירן יענע טרויעריקע שפּיל
פון חיילים אין פײַערדיקע שלאַקסן.

אַדורך איז שוין דער פּסליו און דער שבט,
און באַלד וועט זײַן שוין נאָכן גאַנצן ווינטער.
דער באָדן איז פון בלוט און רעגן זאַט,
און מיטן פרילינג אויף דאָס נײַ פאַרבינדט ער.

עס שפּראָצן שוין די קוסטעס אויף מײַן הויף,
נאָר צווישן גראָז זע איך די רויטע בלומען.
זיי ציִען מיך צו זיך, און איך אַנטלויף —
איך ווייס, אַז אויף דערמאָנען בלויז זיי קומען.

פון בלוט, און נישט פון מאָן, איז זייער רויט.
מען רופט דערפאַר זיי: בלוט פון מכּבייער.
מיט זייער בלי דערמאָנען זיי אין טויט,
אין טויט זיי זענען טרייסטער און דערפרייער.

פון שלאַכטפעלד אין אַ האַרבסט-טאָג פון תּשל"ד
געבראַכט אַהער האָט זיכער זיי דער ווינט דער,
און אויפגעבליט זיי האָבן ערשט אין שבט —
נאָך אַלע רעגנס פונעם גאַנצן ווינטער.

אין אונדזער געסל איז איצט זייער שטיל
און ס'בליִען רויט די מכּבייער-בלומען,
און ס'איז נאָך לײַדיקלעך אַזוי און קיל
נאָך די, וואָס זענען נישט צוריקגעקומען.

## דאָס ערשטע אות

דאָס ערשטע אות, וואָס כ׳האָב אַרויסגעשטאַמלט,
געווען איז דער ברומענדיקער מעם.
אַזוי האָט זיך מײַן שטומקייט אָנגעזאַמלט,
אַזוי האָט זי געריסן זיך פֿון קלעם.

און שפּעטער האָב איך ווײַטער זיך געלערנט
און צוגעווינט די צונג צו יעדן אות —
ביז וואַנען ס׳האָט די שפּראַך זיך אויסגעשטערנט
מיט צייכנס פֿאַר מײַן פֿרייד און מײַן פֿאַרדראָס.

נאָר עפּעס איז געבליבן נישט פֿאַרשטענדלעך,
און נישט געסטײַעט האָט דערויף קיין קלאַנג.
און אָט פֿאַר יענער זאַך, וואָס איז אומענדלעך,
געזוכט האָב איך אָנווערטערדיק געזאַנג.

און אָפּגעוואָרפֿן האָב איך יעדן צייכן,
דערעסן איז געוואָרן אות נאָך אות.
איך דאַרף שוין ווידער צו דער שטומקייט גרייכן
און פֿאַר אַנטפּלעקן זאָל זי זײַן די מאָס.

אָט לעשן זיך די אותיות, ווי שטערן.
אַ שרעק פֿון ערבֿ־שטומקייט איך פֿאַרנעם.
און בײַסלעכווײַז איך הייב אָן צו דערהערן
דעם ניגון פֿון מײַן ברומענדיקן מעם.

## אויף אייביק

חיימס אַנדענק

די צײַט בלויז איז אַכזריותדיק באַגלייביק:
אַז זי פאַרמאַכט אַ טיר — איז דאָס אויף אייביק.
איך גיי אַרויף די טרעפּ. איך וועל דערלאַנגען.
מיט אָט די טרעפּ איז ער אַראָפּגעגאַנגען
צום לעצטן מאָל. ער וועט צוריק נישט טרעפן.
און איצט גיי איך אַרויף. די טיר איך עפן.
ער האָט די טיר פאַרמאַכט אויף אַלע שלעסער.
די צײַט — זי מאַכט דאָס גרויזאַמער און בעסער.
איך עפן שלאָס נאָך שלאָס — אַ נישט געניטער.
די שליסלען דורכגענומען האָט אַ ציטער.
איך עפן און איך זע: בײַם בעט די שטעקשיך.
איך הער: דער זייגער מעסט די צײַט און קרעקט זיך.
נאָר זײַן באַריר, ווי טוי, ליגט אויף די זאַכן.
באַלד וועל איך שטיל די טיר נאָך זיך פאַרמאַכן.

**פושקינס סטראָפן**

איך האָב דערמאָנט זיך פּושקינס אַלטע סטראָפן.
פון אַלע טויטן זענען זיי אַנטלאָפן.

דאָס איז געווען אַ מאָל, צוריק מיט יאָרן.
צו מײַן געליבטן מיידל כ'בין געפאָרן.

— די באַן גלאָפן איז דורך פעלדער טריבע
און כ'האָב געלייענט ס'ליד זײַנס „לעצטע ליבע".

— און איך בין ערשט געפאָרן צו דער ערשטער
פון אַלע ערשטע פריידן אַ באַהערשטער,

— פון אַלע יונגע כוחות אַ צעשפּאַרטער
אַ גלייביקער, אַ נאָך נישט אָפּגענאַרטער.

— נישטאָ די ליבע שוין, נישטאָ די פעלדער
דאָס ערשטע האַלבע לעבן מײַנס, וואָס פעלט דאָ.

געבליבן זענען מיר פון יענער רײַזע
בלויז פושקינס סטראָפן, און איך בין נאָך טרײַ זיי.

*

די צײַט באַשטימט דעם שרעקלעכן פֿאַרענדער —
זי פֿרעסט מײַן לעבן אײַן אין לידער־בענדער.
נאָר וויפֿל קאָן אַ מענטש דען שרײַבן לידער,
זיי זאָלן זיך אַליין נישט זײַן דערווידער?
און וויפֿל קאָן אַ דיכטער נוצן פֿאָרטלעך,
דאָס וואָרט זײַנס זאָל נישט ווערן צו פֿיל וואָרטלעך?
די לידער מײַנע האָב איך אײַנגעבונדן
און צוגעלייגט פּאַפּיר זיי צו די ווונדן,
און אײַנגעוויקלט אין אַ שיינער הילע —
און איצטער שטייען זיי אין שאַנק שוין שטילע.
זיי זענען אַלץ נאָך ציטעריק און גלייביק,
זיי מיינען אַלץ נאָך, אַז דאָס אות איז אייביק.

די צײַט באַשטימט דעם שרעקלעכן פֿאַרענדער —
איר ווינט דרינגט דורך ביז אין די לידער־בענדער.
און ער וועט דאָרט צו יעדן וואָרט דערגרייכן,
און ער וועט דאָרט די שוואַרצע פֿאַרב פֿאַרבלייכן.
און ווען פֿון שפּעט וועט ווערן אַ נאָך־שפּעטער —
עס וועלן ווערן געלע אַלע בלעטער.
דער לײַוונט ווערן וועט פֿון שטויב צעפֿרעסן,
דעם דיכטערס נאָמען ווערן וועט פֿאַרגעסן,
און איבערבלײַבן וועט ווי זײַן אַנטפּלעקער —
בלויז איין און איינציקער — דער ביבליאָטעקער.

### די ווערטער מײַנע

די ווערטער מײַנע זענען נישט מיט אַלעמען.
זיי דאַרפן זייער, אַז איך זאָל זיי באַלעווען.

נו, וואָס זשע טאָן מיט זיי, די אָפּגעריבענע,
אַזוי פיל מאָל גערעדטע און געשריבענע?

אַ מאָל, צוליב מײַן ליבסטער און מײַן טײַערסטער,
פאַרטראַכטן פּרוּוו איך נעמען נאַריש-נײַעסטע

פאַר לענדער ווײַטע, קיין מאָל נישט געשטויגענע,
פאַר פייגל בלאָע, קיין מאָל נישט געפלויגענע,

פאַר ליבע אונדזערע, דער איין-און-איינציקער —
און דעמאָלט ערשט צעווײנט זי זיך...

## אָדמס קינדער

די ערד איז גרויס, צו גרויס פֿאַר אָדמס קינדער.
פֿון יעדן קלאַנג — אַן עכאָ קומט צוריק.
אוּן הבל וואַנדערט מיט די שאָף און רינדער —
ער זוכט דעם וועג צום פֿאָטער אָדמס גליק.

און קַיִן אויך געדענקט נישט דעם גן־עדן —
געבוירן איז ער שוין פֿאַר מי און שוויים.
און צווישן אים און הבלען, צווישן ביידן,
ווערט קלענער אַלץ דער שטח אין זײַן גרייס.

די ערד איז גרויס און ווילד — נישט אײַנצונעמען.
און גאָט דער אייפערדיקער מאַכט זי קליין.
די גאָב פֿון קַיִנס פֿעלד טוט ער פֿאַרשעמען —
אים שמעקט דער ריח נאָר פֿון פֿלייש און ביין.

פֿון הבלס קרבן הייבט זיך אויף דאָס פֿײַער
און גרייכט אין רויכן ביז צו גאָטס געשטאַלט,
און קַיִנס פֿרוכט, זײַן אָרעמער צושטײַער,
בלײַבט ליגן פֿאַר אים אומבאַרירט און קאַלט.

די גרויסע ערד ווערט פּלוצלינג קליין. און קַיִן
הייבט אויף אַ שטיין אין האַנט צום ערשטן מאָרד.
דעם ברודער הבלס בלוט הייבט אָן צו שרײַען —
און גאָט באַדויערט אויף זײַן ערשטן וואָרט.

## די שטאָט האָט אונדז געבונדן

די שטאָט האָט אונדז געבונדן מיט די דראָטן
און מיט די ליכטער — אומגעבראַכט דעם שאָטן.

פון מיידלעך האָט זי אויסגעשניצט מאָדעלן —
און ווײ! מען האָט זײ אויפגעהערט צו וועלן.

דעם הימל האָט זי הונדערט מאָל צעבויגן
און אַלע שפּיצן שטעכן אין די אויגן.

מיט גלאָז און שטיין פאַרשטאָפּט זי די געשרייען
און אירע קינדער זי געבערט אָן ווייען.

די ענגשאַפט מאָלט זי אויס מיט גרעלע פאַרבן.
די קראַנקע שיקט זי אין שפּיטאָלן שטאַרבן.

און אין דער הייך זי פּראָוועט אירע לענגען:
זי בויט דאָרט נײַע שטאָקן — זיך צו הענגען.

## רויט און גרין

איך קום צוריק איצט פונעם סאַמע צענטער:
איך קום צוריק פון ניו־יאָרקער מאַנהעטן,
ווו יעדער איינער איז אַ נישט דערקענטער,
און קיינער ווערט פון קיינעם נישט פאַרבעטן.

ביז אין דער העלפט פאַרטונקען אין דער כמאַרע
דאָרט שטייען הונדערטשטאָקיקע בנינים.
אין אַ מיליאָן פאַרלוירן כ׳האָב מײַן מראה
און כ׳וויים נישט ווי עס זעט איצט אויס מײַן פּנים.

די גאַסן און די עוועניוס — אין ציפֿער,
און יעדע — לויטן נומער מוזסט געפינען.
איך בלאָנדזשע נישט, איך גיי אין זיי אַלץ טיפֿער,
איך בלאָנדזשע נישט — איך גיי אַראָפּ פון זינען.

עס שטעלן אָפּ מיך אַלע רויטע ליכטער.
די גרינע — הייבן אָן מיך אונטערטרײַבן.
אַ שרעק: אין צווישן אַלע די געזיכטער
אַ נישט דערקענטער וועל איך אייביק בלײַבן.

דאָס אויסגעמיש פון ווײַסע און קאָלירטע
וועט מיך מסתּמא ביז צו בראָנקס פאַרשלעפּן
אין דעם מיליאָן פון רויט און גרין געפירטע — —
נאָר פּלוצלינג — איך דערזע די סאָבוויי־טרעפּן.

איך לויף אַראָפּ — און אין די אונטערערדן
איך ראַטעווע מײַן פּנים, ווי אַ וווּנדער.
אַ בליאַסק פון שינעס, ווי פון שאַרפע שווערדן,
שנײַדט־אָפּ און לאָזט מיך ווידער זײַן באַזונדער.

1972

*

דו האָסט אַרײַנגעטאָן איין טראָפּן גיפֿט —
און אָפּגעסמטע זענען אַלע ווערטער.
מיר דוכט זיך, אַז עס קורטשעט זיך דײַן שריפֿט
און אותיות אַנטלויפֿן פֿון די ערטער.

קאָן זײַן, דו ביסט דער יורש פֿון דער שלאַנג,
וואָס האָט אַ מאָל די ערשטע פּרוי באַטראָגן.
דײַן צונג איז דײַן געווער, דײַן צונג איז לאַנג,
און קריכנדיק — קאָנסט אַלעמען דעריאָגן.

דו דאַרפֿסט בלויז טאָן אַ שיפּע און אַ שפּײַ —
און אָפּגעסמט די שפּראַך ווערט אויפֿן בויגן.
איך זע איצט, ווי דו לייענסט זי אויף ס'נײַ
מיט דײַנע געלע קײַלעכדיקע אויגן.

צעשוווּמענע, ווי נעפּלדיקע פלעקן,
פאַרנומען זענען ביידע זײַנע הענט.
ווען איינע שטרעקט פאָרויס דעם ווײַסן שטעקן —
די צווייטע האַלדזט אַרום דעם אינסטרומענט.

און ער קען גוט דעם וועג פון אַלע וועגן,
וואָס פירט אים דאָ אַרום שוין יאָרן לאַנג,
און אויף זײַן פּנים פאַלן טראָפּנס רעגן —
אַ יעדער איינער איז אַ שטילער קלאַנג.

צוזאַמען — זענען זיי אַ שורה נאָטן,
בלויז אין דער טיפסטער פינצטערניש באַקאַנט.
דאָס אויסטערלישע ליכט איז נישט פאַרבאָטן
אים איינעם בלויז — דעם בלינדן מוזיקאַנט.

## אַן עפּל

דער עפּל אויף מײַן טיש — אַ רײַפֿע פֿרוכט.
זײַן לעצטע שעה. ער וואַרט אויף מײַן גענאָד.
צי האָט די בליִונג אים זיך בלויז געדוכט?
צי איז אַ חלום בלויז געווען דער סאָד?

צי האָט דער הימל קיין מאָל נישט געבליצט?
צי האָט די זון זײַן זיסקייט נישט געפּרוּווט? —
דער עפּל אויף מײַן טיש ליגט אומבאַשיצט
און הסד בעט ער מיט זײַן שטילן דופֿט.

און איך טראָג אים אַכזריותדיק צום מויל,
כּדי אים אויפֿצועסן מיט זײַן חן:
— ס'איז צײַט, מײַן טײַערער! פֿון ווערן פֿויל
איך וועל דיך ראַטעווען מיט מײַנע ציין.

### דאָס בילד פון דער יאַגד

דאָס בילד פון דער יאַגד איז אַכזריותדיק אַלט:
דער יעגער, זײַן הונט, און דער הירש אינעם וואַלד.

דער יעגער, זײַן הונט, און דער הירש אויף דער פרײַ —
וואָס בינדט זיי צונויף דאָ אין וואַלד אָט די דרײַ?

נישט מער ווי דער ריח פון בלוט, די געפאַר —
די שרעק פונעם הירש פאַרן הונט און זײַן האַר.

בײַם הירש ליגט די ווײַטקייט אין שפרונג און אין בליק.
בײַם יעגער — זי ליגט, ווי אַ קויל, אין דער ביקס.

פאַמעלעך ער שטעלט זײַנע טריט און ער וואַרט
דער הונט זאָל דערשפירן — דער הונט איז אַ כאַרט.

בײַ אים איז פאַר ווײַטקייט אַן אַנדערע מאָס:
איר ריח ער שנאַפּט און ער מעסט מיט דער נאָז.

און אָט — ווי אַ שאָרך פון אַ בלעטל אין ווינט —
דער הירש אין געלויף, די געפאַר וואָס פאַרבינדט.

און איינציק די רעטונג פאַר אָט דער געפאַר:
וואָס ווײַטער, וואָס ווײַטער פון הונט און זײַן האַר!

די הערנער, די צווײַגן — די שנעלקייט זיך ברעכט.
בײַם יעגער דאָס אויג איז געניט און גערעכט.

ער צילט, און בײַם הירש איז די ווײַטקייט צעשטערט.
ער לויפט, און דאָס בילן פון הונט ער דערהערט.

ער לויפט, און ער ווייסט נישט אַליין, אַז ער פאַלט — — —
אַזאַ איז דאָס בילד פון דער יאַגד אינעם וואַלד.

*

דאָס וואָרט גייט אַרויס דורך דער פּען —
פון בלוט און פון תּאווה דערוווייַטערט.
דו ליד מייַנס! פון וואַנען, פון ווען
קומסטו אָן איצט געליטן, געלייַטערט?

ווער בין איך? אַ שפּרענקעלע צייַט,
אַ פּינטעלע — קוים צו דערקענען,
און זע: מיטן וואָרט איך פאַרבייַט
אַזוי פיל פונוואַנענס, פונוועגען!

פאַרבייַגייער, זייַ איצט געהיט —
די פּען, ווי אַ בויגן, איך עפן.
דאָס גלײַיקע וואָרט פון מייַן ליד
דיך קאָן מיט דער אייביקייט טרעפן!

## ביסט אַוועק

ביסט אַוועק
און געלאָזט מיך אַליין מיט דער צײַט,
און מײַן וואָרט און מײַן יעדער באַוועג
גרייכט צו דיר פון דער אַנדערער זײַט.

ביסט אַוועק,
און אַ ווינט מיט אַ ווינט זיך פאַרבײַט,
נאָר אַ יעדער פון זיי ברענגט די שרעק
פאַר דער פרעמד — און ער שמעקט מיט אַ ווײַט.

ביסט אַוועק,
און אַפילו דער פויגל, וואָס שרײַט
און קומט־אָן פון אַ מדבר אַ העק —
פליט פאַרבײַ און פאַרשווײַגט און פאַרמײַדט.

ביסט אַוועק.
און איך פאַרש נאָך ביז איצט דעם באַטײַט
און דעם זין פון דעם שרעקלעכן פלעק,
וואָס וואַקסט אויס אָן אָן אויפהער — די צײַט.

### איך האָב געמיינט...

איך האָב געמיינט, אַז כ׳בין פון שניי שוין פּטור,
אַז פון דער קעלט בין איך נישט קיין באַדראַטער.

איך האָב געבענטשט די שטויביקע כאַמסינען.
אין זייער היץ האָב איך געוואָלט געפינען

דעם אָנהייב פון אַ לעבן פריִער־פריִער,
ווען כ׳בין געווען אַ געצנדינער־קניִער.

איך האָב געמיינט... נאָר ווידער האָבן שנייען
גענומען לייגן זיך אויף ווונדן־ווייען,

און נישט בלויז אינעם ווינטער — אין דער וואָרקייט
זיי פאַלן מיט אַ שוידערדיקער קלאָרקייט

אין מיטן זומער און אין מיטן חלום,
און זיי פאַרדעקן מיך מיט ווײַסע שאָלן,

און זיי פאַרהילן מיך, און זיי פאַרפרירן —
אַז כ׳קאָן זיך פון דער איינזאַמקייט נישט רירן.

## שיך

ווי קאָן אין אונדזער צײַט געשען אַ וווּנדער,
אַז קיינער שטעלט נישט מער קיין טראָט באַזונדער,
און אַלע שיך מען אַרבעט אויס פאַר קונים
אין די מיליאָנען — ווײַל עס מוז זיך לוינען.
אין אַלע שטעט, אין גרויסע מאַגאַזינען,
מיר גייען יעדן טאָג אַראָפּ פון זינען,
און איינער קויפט די שיך, וואָס ס'קויפט אַ צווייטער,
און איינער איז דעם צווייטנס אַ פאַרשפרייטער...
דאָרט קויף איך שיך, סײַ ווינטער און סײַ זומער.
איך קום אַרײַן און איך זאָג בלויז מײַן נומער.

און ווּ איז ערגעץ יענער דאָרער שוסטער —
פון אונדזער גאַס דער סאַמע בעסטער הוסטער?
ער האָט אַ מאָל, פאַמעלעך און געלאַסן,
געמאָסטן מײַנע פּיס מיט צײַטונג־פּאַסן
און אויסגעפּאַרשט מיט זײַנע שוואַרצע פינגער
גענוי מײַן טראָט — אַז מיר זאָל גיין זיך גרינגער
אויף יענעם וועג, וואָס יעדער גייט אַליין אים.
און איצטער נייט מען אַלע שיך אין איינעם.
מיליאָנען מענטשן מוזן זיי געפעלן,
נאָר יעדן איינציקן — זיי וועלן קוועלן.

אַ הוילער בין איך אויף דער וועלט געקומען.
דאָס היטל האָט זיך ערשט אויף מיר פאַרצויגן.
די מאַמע האָט מיט ליבשאַפט מיך גענומען,
און איידער נאָך זי האָט מיך אָנגעזויגן —
מיך אָנגעטאָן אין ערשטן קורצן העמדל.
קאָן זיין, דערפאַר האָב איך אַזוי געשריגן:
איך האָב דערפילט אויף זיך אַ זאַך אַ פרעמדע,
וואָס איז געבליבן אויף מײַן לעבן ליגן.

און אָנגעהויבן האָב איך זיך געוויינען
מיט יעדן טאָג צו נײַע פרעמדע זאַכן.
געקומען בין איך אויף דער וועלט אין וויינען,
געלערנט האָט מען שמייכלען מיך און לאַכן.
געקוועלט איך האָב זיך אין די ענגע שיכלעך,
די שטײַפע הייזלעך האָבן מיך געוואָרגן.
געלייענט האָב איך אין די גוטע ביכלעך,
אַז שיין איז מיט געדולד דאָס צו פאַרבאָרגן.

אַ סך האָב איך געלערנט, און דער עיקר —
איך האָב זיך צוגעוויינט צו די בגדים.
מיט יעדן יאָר די הויט אויף מיר ווערט דיקער
און דאַרף אַלץ ווייניקער דעם פרײַען אָטעם.
איך היל זיך אײַן אין לײַוונטן און וואָלן,
כּדי איך זאָל, חלילה, נישט פאַרפרירן,
און אין די קליידער ווער איך אָנגעשוואָלן,
ביז שווער ווערט פונעם אָרט מיר זיך צו רירן.

און דעמאָלט קומט די גרעסטע שטראָף: די מורא,
אַז קיינער זאָל נישט זען מיך אָן די קליידער.
מיר חלומט זיך, אַז איך האָב זיי פאַרלוירן,
אַ צווייט מאָל — אַז איך טראָג זיי אָן אַ סדר.
פון פחד קויף איך אָן מלבושים נײַע,
און זיי, די זאַכן, מערן זיך און מערן.
זיי שטיקן מיך, איך קאָן זיך נישט באַפרײַען —
ביז וואַנען איך הער אויף צו זען און הערן.

## מײַן מאַנדאָלינע

אין שטוב איז נישט געווען קיין אינסטרומענט.
דער ניגון, וואָס מײַן טאַטע פּלעגט אים ברומען,
געווען איז אײַנגעזאַפּט שוין אין די ווענט —
זײַן עכאָ איז פון דאָרט צוריקגעקומען.

און איך, אַ יִינגל, גאַר אַזוי און בענק,
אַז הימלעכער אַ קלינג טאָן זאָל אַ סטרונע,
און הערן זאָלן אויך די אַלטע שענק
דעם יונגן ניגון, וואָס איך האָב געפונען.

אַ גראָשן צו אַ גראָשן האָב איך לאַנג
געזאַמלט און געקויפט אַ מאַנדאָלינע.
און אָט האָב איך פון איר דעם ערשטן קלאַנג
אַרויסבאַקומען מיט די פינגער דינע.

דער טאַטע, אַ דערשטוינטער, האָט דערקענט
זײַן ניגון פון קדושה און אמונה,
און אין מײַן אויסגעבענקטן אינסטרומענט —
האָט טרויעריק געציטערט יעדע סטרונע.

## אַ ליד מיט אַן אַלטן רעפריין

פאַראַן אין מײַן האַרץ נאָך דאָס ליד —
אַ ליד מיט אַן אַלטן רעפריין,
ווען טרויעריק ווער איך און מיד —
הער איך אין דעם ניגון זיך אײַן.

נו, העלפט זשע מיר, ברידער,
און זינגט מיט מיר ווידער
דאָס ליד מיטן אַלטן רעפריין:

אוי, ס׳וועט נישט זײַן,
ס׳וועט נישט זײַן,
ס׳וועט נישט זײַן —
דאָס וועט שוין קיין מאָל נישט זײַן!

אַ פויגל — וואָס איז אָן אַ בוים?
און וואָס איז אַ מענטש אָן אַ דאַך?
און איך האָב געביטן די היים,
געביטן אַ שפּראַך נאָך אַ שפּראַך.

נו, העלפט זשע מיר, ברידער,
און זינגט מיט מיר ווידער
דאָס ליד מיטן אַלטן רעפריין:

אוי, ס׳וועט נישט זײַן,
ס׳וועט נישט זײַן,
ס׳וועט נישט זײַן —
דאָס וועט שוין קיין מאָל נישט זײַן!

איך בין דאָך נישט מער אין דער פרעמד —
פאַר וואָס זשע דאָס שטילע געוויין?
פאַר וואָס האָט בײַם האַרץ מיך פאַרקלעמט
דער ניגון, וואָס זינגט זיך אליין?

נו, העלפט זשע מיר, ברידער,
און זינגט מיט מיר ווידער
דאָס ליד מיטן אַלטן רעפריין:

אוי, ס'וועט נישט זײַן,
ס'וועט נישט זײַן,
ס'וועט נישט זײַן —
דאָס וועט שוין קיין מאָל נישט זײַן!

## דער און דער

אַ מענטש טרעפֿט מיך אין גאַס און נעמט אויף אַ פֿאַרהער:
— דו קאָנסט זיך נישט דערמאָנען? איך בין דער און דער.

איך שטיי און קוק אים אָן. דערמאָנען זיך איז שווער:
— איך ווייס נישט. זאָגט אַליין, ווער זענט איר, דער און דער?

ער גיט אַ סימן מיר פֿון דרײַסיק יאָר און מער:
— און איצטער ווייסטו שוין, אַז איך בין דער און דער?

ער שמייכלט כיטרע צו. איך בעט זיך און באַשווער:
— איך ווייס נישט. זאָגט אַליין, ווער זענט איר, דער און דער?

און ער — ער טרעט נישט אָפּ, ביז אויפגערעגט איך ווער:
— צו אַלדע טײַוול! זאָגט אַליין, ווער זענט איר, דער און דער?

ער שטעלט זיך ענדלעך פֿאַר: — מען רופֿט מיך לעקיש בער.
און איצטער ווייסטו שוין, אַז איך בין דער און דער?

— איך ווייס.

## דער גאַסן־קערער און איך

מירביידע טרעפֿן אָפּט זיך אין די פֿריִען.
ס'איז מאַי. דיביימער אין מײַן געסל בליִען.

אין אָט די מאָרגנס בין איך אַ שפּאַצירער.
דער פֿרילינג איז, ווי שטענדיק, מײַן פֿאַרפֿירער.

און ער, דער גאַסן־קערער מיטן בעזעם,
ער ווייסט עס, און ער וואַרט — ער איז מײַן לעזער.

ער זאָגט, אַז וויפֿל ער זאָל דאָ נישט קערן —
אַלץ איינס, דאָס מיסט וועט ווייניקער נישט ווערן.

אַז יעדן טאָג זיך יאָוועט נײַע עסערם
און מאַכן מיסט מיט גאָפּלען און מיט מעסערס.

איך טרייסט אים און איך פּרוּוו אַזוי אים זאָגן:
אויך מיר קומט אוים דורך מיסט זיך דורכצושלאָגן.

און ס'בלײַבט איין אויסוועג: נעמען זיך אין זינען —
מען קאָן אַן אוצר אויך אין מיסט געפֿינען.

*

א מענטש האָט אָנגעשריבן אַ צוואה:
מען זאָל אים נאָר, חלילה, נישט באַגראָבן.
ער שרעקט זיך פאַר די קבר־ווערעם גראָע,
וואָס ווילן פון זײַן לײַב הנאה האָבן.

נו, האָט מען אים צו ליב געטאָן: די ווערעם
זיך האָבן אין זײַן קערפּער נישט געראָיעט.
מיט צווענגעלעך סטערילע — די גערדערעם
געליגט מען האָט אין סלאָיקלעך מיט זויערם.

נאָר פריִער — ווען דער מומחה, דער פּראָפעסאָר,
האָט אָנגעהויבן זיך מיט אים צו פּאָרען
און זיך פאַרמאָסטן מיטן פאַלמעס־מעסער —
האָט ער געבענקט צום לעבעדיקן וואָרעם...

## ט ו י ט

דו האָסט אַ מאָל שוין וועגן טויט געטראַכט?
איך אויך, נאָר ס׳האָט דער ווינט מיך אויסגעלאַכט.

אַזוי: איך האָב זיך שעהען אָפּגעמיט
און נישט געקאָנט פאַרענדיקן דאָס ליד,

וואָס כ׳האָב געשריבן — טאַקע וועגן טויט —
געזוכט אַ גראַם חוץ: רויט, און ברויט, און נויט.

און דעמאָלט כ׳האָב אין בוים דערהערט דעם ווינט,
פאַרשעמט זיך, און פאַרשטעלט דאָס ליד געשווינד.

— דו לאָז — האָט ער געלאַכט — דעם טויט געמאַך
מיט דײַן געפּוצטער און געגראַמטער שפּראַך.

דער ערגסטער גראַם פאַר אים איז אויך צו גוט:
ווײַל רויט איז רייצנדיק און יונג, ווי בלוט,

און ברויט איז זים-געזאַלצן, ווי אַ טרער,
אַפילו נויט איז לעבעדיק, כאָטש שווער.

דעם טויט לאָז אָפּ. מיט גראַמען זיך באַנוץ —
מיט מער געלונגענע — פאַר אַל דאָס גוטס.

ד׳ זעסט דעם בוים? ער האָט זיך דאָס פאַרדינט,
און מער נאָך — איך, דער לאַכנדיקער ווינט.

דײַן לעבעדיקע רגע האָט מער ווערט,
ווי אַלע טויטע פון דער גאַנצער ערד.

*

אָ שטאָט, איך בין פון דײַנע טרײַע זין.
מיך אַרט שוין נישט דער ריח פון בענזין.
דעם טראָט איך שטעמפּל אָפּ אין דײַן אַספאַלט
און ווען איך הער פון אומגליק אַ געוואַלט —
עס טרעפט, איך טו אַ פרעג און גיי פאַרבײַ.
די גיכע הילף וועט קומען סײַ ווי סײַ
און מיט געוואַי פאַרכאַפּן שנעל איר פאַנג —
דעם מענטש, וואָס איז געפאַלן אין געדראַנג.
צום רעדער־רעדן איז מײַן אויער טויב
און ס'אַרט מיך נישט דײַן דינער שוואַרצער שטויב.
מײַן גוף איז ווידערשטאַנדיק און אימון:
איך קרענק און וויים אַליין נאָך נישט דערפון.
איך זע נישט, אַז מײַן צימער איז אַ שטײַג.
איך פיל נישט אין דעם רעש, אַז איך שווײַג.
איך מיין נישט, אַז איך בין אַראָפּ פון זין.
אָ שטאָט, איך בין פון דײַנע טרײַע זין.

## אָן אַן אויפהער

יאָ, ליבע פרײַנד, איך בין איצט טאַקע קראַנק,
כאָטש מיט דער מחלה גייט מען נישט צום רופא:
אין בלוט איז מיר אַרײַן אַזאַ געזאַנג —
דער ווירוס פון אַ ניגון־אָן־אַן־אויפהער!

בײַ טאָג דער ניגון זינגט אין מײַנע רייד,
בײַ נאַכט אַקאָמפּאַנירט ער אין מײַן שלאָף.
דער ריטעם פון מײַן טראָט איז דער באַגלייט
פון גאַנג צו אָט דער זינגענדיקער שטראָף.

אַנטלויפן כ׳זאָל צום שטאָטישן גערויש?
צום האַרבן בראַזג פון האַמער און פון צוואַנג?
דערהערן וועל איך אויך פון דאָרט אַרויס
די רייד, וואָס פּאַסן זיך צו מײַן געזאַנג.

אין יענע רייד געפינען כ׳וועל אַ פּונק,
וואָס האָט פון שטויב און טומל אויפגעגליט.
געוווּנג וועט זײַן פאַר מיר דער איינער ווינק —
און פון די רייד וועט ווידער ווערן ליד.

## דער וואָרט־זשאָנגלער

מײַן טײַערע, דו האָסט נישט ליב קיין צירק
און נישט דאָס קלעטערן אין די געבירג —
דו ווילסט נישט זען די שפּיל מיט דער געפאַר,
וואָס מאַכט פון דיר און יענעם דאָס גענאַר.
און איך — איך האָב נישט ליב דעם וואָרט־זשאָנגלער.
איך מוז אים הערן — שטוין איך און איך הער,
איך מוז אים לייענען — ווער איך פאַרבליפט:
וואָס מענטשן קאָנען מאַכן מיט דער שריפט!
זיי דרייען איבער פון דער שפּראַך דעם טראָפּ,
זיי שטעלן אַלע ווערטער אויפן קאָפּ,
און פירן צווישן זיי דורך דאָס באַהעפט,
אַז ס׳ווערן אַלע אותיות געפּלעפט,
און מיט דעם לשון לעבן זיי פערווערז —
ביז מיט אַ מום געבוירן ווערט אַ פערז.

און איך — איך ווער נתפּעל און פאַרבליפט:
וואָס מענטשן קאָנען מאַכן מיט דער שריפט!
כאָטש כ׳ווייס, אַז דער, וואָס גייט נאָר אויף אַ שטריק,
וועט מוזן ווען ס׳איז ברעכן דאָס געניק.

### דער הספּד־מאַכער

דער שוואַרצער מלאך נעמט מיך אונטעריאָגן:
אַהין־אַהער — מען דאַרף דיך באַלד באַקלאָגן.
פאַראַן ביי מיר אַזאַ מין הספּד־מאַכער,
וואָס ווײנען צווינגט ער אויך דעם גרעסטן לאַכער.
דעם שאַרפסטן אַפּיקורס מאַכט ער גלייביק —
און ער וועט, נעבעך, מוזן לעבן אייביק.
ער קלאָגט און מאַכט אַ לעבן פון די מתים,
און טרערן האָט ער — אַז דער טײַוול וויים אים.
אַ קול אַזאַ, וואָס ער אַליין דאַרף האָבן —
מען קאָן מיט דעם די גאַנצע וועלט באַגראָבן.

— נו מילא — זאָג איך — אויב דיר גייט אין קלאָגער,
מײַן יחוס, ליידער, איז פאַר אים צו מאָגער.
אַ שאָד דערויף צו פּטרן די טרערן —
אויף מיר אַ הספּד ווער וועט וועלן הערן?
קיין גראָשן וועט מען אים דערפאַר נישט געבן.
איז מוחל! און דערווײַל לאָז מיך נאָך לעבן!

## קיין מאָל

איך וועל שוין קיין מאָל נישט צו דיר דערגרייכן —
אַלץ ווײַטער, ווײַטער שווימט דײַן בילד אַוועק,
און אַלע דײַנע שטריכן, וואָס איך צייכן,
צעגייען אין אַ טרערנדיקן פלעק.

דו שווײַגסט, און קיין שום הילף דו פּרוּווסט נישט בעטן.
דו שטרעקסט אַפילו נישט צו מיר די הענט.
נישטאָ, נישטאָ פאַר דיר שוין מער קיין רעטונג,
און זיכער — איז דאָס נישט אין מיר געווענדט.

באַרויִקטע עס טראָגן דיך די וועלן,
דער ווינט איז נישט געצוימט, נאָר אײַנגעשטילט.
איצט העלפט שוין נישט קיין ווייטיק, קיין נישט־וועלן —
אַלץ ווײַטער, ווײַטער שווימט אַוועק דײַן בילד.

איך וועל דיך נישט דערגרייכן און נישט טרעפן —
אַפילו ווען איך נוץ דעם שנעלסטן שטראָם,
אַפילו ווען דעם מבול איך צעעפן —
דו קומסט שוין אָן אויף יענער זײַט פון תהום.

*

דאָס גאָלדענע חתונה־ריִנגל
ליגט ערגעץ אין שופלאָד פאַרמאַכט.
ביַי דיר בין איך ווידער אַ יִינגל —
דער ערשטער, ווי דעמאָלט ביַי נאַכט.

ווי דעמאָלט — דו קומסט אָן פון דרויסן
און גנבעסט זיך שטיל אויף די טרעפּ.
איך זוך אין דער פינצטער דיַין אויסזען
און רייַס פון דיַין קליידל די קנעפּ.

איך רוף דיך מיט הונדערטער נעמען,
וואָס קיינער האָט נאָך נישט געהערט — —
און דו האָסט זיך אויפגעהערט שעמען,
און דו האָסט זיך מער נישט געווערט.

## אַ נעגערין ביסטו...

אַ נעגערין ביסטו אין בלוט,
כאָטש בלאָנד איז דײַן קערפּער ווי גאָלד.
אָט בייגסטו זיך אונטער דער רוט,
אָט טאַנצסטו שוין קעניגלעך שטאָלץ.
דו וואַיעסט בײַ טאָג פון די קלעפּ,
בײַ נאַכט זאַלבסטו אויס זיך דאָס לײַב,
און קלעטערסט אויף מאַרמאָרנע טרעפּ,
און ווערסט דעם געביטער אַ ווײַב.

אַ נעגערין ביסטו אין בלוט,
אַ שקלאַפין — פון אָנהייב באַשאַף.
נאָר ווערט בלויז דײַן האָר צו דיר גוט —
פאַרוואַנדלסטו אים אין דײַן שקלאַף.
ער זאָגט דיר משוגענע רייד,
ער שטעלט זיך פאַר דיר אויף די קני,
ער רופט דיך: זײַן לעבן, זײַן פרייד —
און שעמט זיך פאַר דיר אין דער פרי.

אַ נעגערין ביסטו אין בלוט,
כאָטש דיך האָט דער ווינטער פאַרהעלט,
און אַלץ וואָס דײַן לײַדנשאַפט טוט —
ווערט שטיל פון דײַן אָנשטעל פאַרשטעלט.
דײַן הויט איז שוין ווײַסער פון שניי,
דײַן צאָפּ איז שוין דינער פון זײַד,
נאָר איבער דײַן ווילדן געשריי
האָט אַלץ נישט קיין שליטה די צײַט.

## און דײַנע אויגן ווייסן נישט דערפֿון

דאָס מעסער איז געשאַרפֿט און אָנגעשטאָלט —
איך האָב נאָך מיטן לעבן נישט באַצאָלט.

און דײַנע אויגן ווייסן נישט דערפֿון —
דו שליסט זיי צו פֿאַר מיר און פֿאַר דער זון.

און פֿון דער לעצטער לײַדנשאַפֿט פֿאַרבלענדט —
דו זוכסט מײַן האַלדז מיט דײַנע קליינע הענט.

און אין דער שפּיל — ביסט גרויזאַם, ווי אַ קינד:
דו ווייסט נישט וואָס איז ליבשאַפֿט, וואָס איז זינד,

דו ווייסט נישט, וואָס איז לעבן, וואָס איז טויט —
דו זוכסט מײַן בלוט, דו עפֿנסט אויף מײַן הויט,

און דײַנע אויגן ווייסן נישט דערפֿון —
דו שליסט זיי צו פֿאַר מיר און פֿאַר דער זון.

## אַלע דרײַ

דו ביסט צוזאַמען אַלע דרײַ:
אַ פֿרוי, אַ שוועסטער און אַ קינד.
ווי נאָר די איינע גייט פֿאַרבײַ —
די אַנדערע קומט אָן געשווינד.

דו ביסט צוזאַמען אַלע דרײַ:
אַ פֿרוי, אַ שוועסטער און אַ קינד.
נאָר ווער דו זאָלסט נישט זײַן — דו זײַ
אַ גאַנצע, ווי דו ביסט אַצינד.

דו ביסט צוזאַמען אַלע דרײַ:
אַ פֿרוי, אַ שוועסטער און אַ קינד.
טאָ בלײַב אין דרײַען מיר געטרײַ —
און אַלע דרײַ צו מיר פֿאַרבינד!

## ווי מיט פײַער

דער כּוח פֿונעם וואָרט איז אומגעהײַער —
מיט דעם האָב איך געשפּילט זיך, ווי מיט פײַער.
מיט דעם האָב איך די הערצער אָנגעצונדן —
געבליבן זענען שפּורן פֿון די ווונדן.
מיט דעם האָב איך די ליבע אויפֿגעפּלאַקערט —
געבליבן איז אַ פּנים דורכגעאַקערט.
מיט דעם האָב איך אַ מויער דורכגעבראָכן —
געבליבן איז בלויז אַש פֿון מײַן נצחון.
מיט דעם האָב איך געשריבן מײַנע לידער —
געבליבן איז אַן אָפּשײַן בלויז אַ מידער.

אַ צאַפּל, און דער אָפּשײַן איז פֿאַרלאָשן —
דאָס וואָרט ווערט אײַנגעזונקען אינעם לשון.

## אינהאַלט

### באַריר

## ווי מיט פייַער